ל. מילער

# דאָס לעבן וואָס לעבט אייביק

מלחמה־באַלאַדע

אין 4 טייל



# DOS LEBN VOS LEBT EIBIK

War Ballad

IN 4 PARTS

By

LOUIS MILLER

**פֿריער דערשינען**

„אויף גאָט'ס וועלט" (לידער)
„אַבאַ" (ראָמאַן)
„מיסטער מענטש" (דראַמע אין ענגליש)
„דאָ איז מיין היים" (לידער)
„וואָלט וויטמאַן" (איבערזעצונג)



אַרויסגעגעבן פֿון פֿאַרלאַג אידיש־אַמעריקע
1 יוניאָן סקווער, צימער 603
ניו־יאָרק, נ. י.



גערדרוקט ביי אַסטאָריאַ פּרעס
61 א. 4טע סט., ניו־יאָרק

„צוויי פיינטלעכע טאַנק־אַרמייען, צוויי ריזיקע מעטאַל־אַרמאַדעס, האָבן זיך פאַרמאָסטן איינע קעגן דער צווייטער און זיך צונויפגעמענגעשטויסן מיט אַזאַ מורא׳דיקער קראַפט, אַז דער ערד־שאַר האָט אַ ציטער געטאָן".

(אַ רויט־אַרמייער׳ס באַריכט פון שלאַכטפעלד)

## 1

אין די טיפסטע טיפן פון דער ערד דער גרויסער,
איבער לאַנגע, ברייטע שטרעקעס, דעק אויף דעקן,
זיינען די מעטאַלן אין אַ טיפן שלאָף געלעגן,
ביז דער מענטש געקומען איז פון שלאָף זיי וועקן.

שוין אַזוי געשלאָפן פיל מיליאָנען יאָרן,
נאָר דער מענטש דער גבור אין די אַרבעטס־קליידער,
נעמט ער זיך צו עפּעס, טוט ער עס מיט ליבע,
ווי אַ איד אַ פרומער, ווען ער טוט אַ נדר.

זיך דערטראַכט און צו דער פראַצע זיך גענומען,
אויסגעוואָרצלט וועלדער, באַרג און פעלז געשפּאַלטן,
קעלט און רעגן, שניי און שטורעם — בייגעקומען.
אויסגעטריקנט טייכן, ווילדן שטראָם — פאַרהאַלטן.

אָן אַ צוזאָג, אָן אַ זון און אָן אַ הימל,
נישט געצווייפלט, נישט גע'חלומ'ט, נישט גענאַרט זיך,
אין זיגזאַגן ביי דעם שיין פון אַ לאַמטערן,
אונטער ערדן דורכגעקראָכן, דורכגעשפּאַרט זיך.

נאָר געפּראַצעט מיט עקשנות, נאָר געגראָבן,
טרעפּ און טרעפּ אַרונטער, לייטער צו אַ לייטער,
זיך אַזוי דערגראָבן, זיך אַזוי דערקליבן
צו די טיפסטע טיפן אין דער ערד דער ברייטער.

## 2

דעק אויף דעקן, שטרעקעס לאַנגע, מייל אויף מיילן,
זײַנען קאַלט און שטום געלעגן די מעטאַלן.
איז דער פּראַצע־מענטש מיט ברכה אויף די ליפּן,
מיט זײַן הייסן אָטעם צו זיי צוגעפאַלן.

און געגומען װעקן, רופן זיי צום לעבן,
װי ער װאָלט דעם סוד פון קראַפט און לעבן װיסן,
מיט זײַן לייב דעם הייסן האָט ער זיי געװאַרעמט,
מיט די שטאַרקע אָרעמס זיי פון שלאָף געריסן.

זיי פון שלאָף געריסן און צו זיי גע׳טענה׳ט :
העי, איר שטאָפן טויטע, שוין גענוג געשלאָפן!
הערט מײַן רוף דעם שטאַרקן, קומט, אָ קומט צום לעבן!
קומט, אָ, קומט צו הילף דעם מענטשן, העי, איר רויע שטאָפן!

קומט צו הילף דעם מענטשן, קומט אים העלפן בויען,
וויפיל איז דער שיעור דאָ ליגן שטום און שווייגן?
מענטשן דאַרפן אַקערס, מענטשן דאַרפן טראַקטאָרס,
מענטשן דאַרפן שמידן טויזנטער געצייגן.

טויזנטער געצייגן, האַמער, פייל און זעגן,
לעפל, גאָפל, מעסער, טעפּ און טאַץ און פאַנען.
אייזערנע זאַווערסעס, דראָט און שרויף און בלעכן;
שטאָלענע צילינדערס, ראָד און רעלס פאַר באַנען.

אייזערנע געשטעלן, באַלקנס, זיילן, רערן,
מענטשן דאַרפֿן היימען, מענטשן דאַרפֿן הייזער,
שנייד־ און דרעש־מאַשינען, לאָפּעטעס און לאָמען,
מענטשן דאַרפֿן זייגערס, רעדעלעך און ווייזער.

מענטשן דאַרפֿן פֿאָרן, מענטשן ווילן פֿליען,
וועט איר זיין דעם מענטשנ׳ס פֿליגל און פּראָפּעלער.
רירט זיך, רויע שטאָפֿן, אַלערליי מעטאַלן,
פֿון דעם טויט דעם קאַלטן, קומט צום לעבן שנעלער!

3

האָט זיך אונטער ערדן אין די רויע שטאָפֿן
ניי־געבוירן לעבן אָנגעהויבן רעגן,
מיט אַ שווער געררודער האָבן די מעטאַלן
זיך גענומען רירן, רירן און באַוועגן.

שיכט נאָך שיכטן האָבן מיט אַ וואָרף און טרייסל
זיך געריסן פֿונעם גליווער אויפֿצואוואַכן.
אויפֿגעוואכטע, האָבן זיי מיט טעמפּ גערודער
זיך אַרויפֿגעהויבן צו די אויבערפֿלאַכן.

צו די אויבערפֿלאַכן פֿון דער ערד דער גרויסער
פֿון מעטאַל דערוואַכטן שפּאַרן זיך די קלאַנגען.
ניי־דערוואַכטע כוחות הויבן־אויף דעם מענטשן.
טראָגן אים די קלאַנגען, הימלען צו דערלאַנגען.

4

דרייען זיך און קרייזן
איבער באַרג און טאָל,
נייע קראַפט פון אייזן,
נייער קלאַנג פון שטאָל.

קלינגען די מעטאַלן,
יונג און פריש און ניי.
הויבן זיך און פאַלן
קופער, צין און בליי.

גאָלד און זילבער שטראַלן,
דימענט ברענט און לעשט.
מיט אַ פריילעך שאַלן
יובלט־אויף דאָס מעש.

מיט אַ טעמפן ברומען,
און מיט שווערע טריט,
שיכט נאָך שיכטן קומען
דונערט זייער ליד:

אַליץ וואָס ליגט פאַרשטיינערט,
אַליץ וואָס ליגט פאַרשטאַרט,
ליגט אין אַנגסט געהיימער,
ליגט אין אַנגסט און וואַרט.

פראַצע־מענטש דער ליבער,
קומען זאָל צוגיין,
וועקן פונ׳ם גליווער,
וועקן שטומען שטיין.

אַלע גאַרן וואַך זיין,
מענטש און בוים און זאַך.
טייל פון לעבנ׳ס פראַכט־זיין,
גוט צו זיין איז — וואַך.

מיר, דערוואַכטע קרעפטן,
ווילן זיין און טאָן,
זיך מיט אַלץ באַהעפטן.
הערט, מיר קומען אָן!

פרייד פון זיין און ווערן,
אין אַ גוטער שעה!
הימל, ערד און שטערן —
ווייסט, מיר זיינען דאָ!

מענטשנ׳ס וואונש דערפילן,
פראַצע־מענטש, וואַס שאַפט.
האַר פון קראַפט און ווילן,
נאַ דיר אונזער קראַפט!

אין דיין גאַנג און שטרעבן,
זיי געלויבט, געבענטשט.
לעבן זאָל דאָס לעבן !
אייביק ביזטו, מענטש !

5

אין אַ לאַנד פון פרייע ריזן און טיטאַנען,
אין אַ לאַנד פון יום־טוב, ברויט און ווייַן און חלה,
ווּעמענס נאָמען ס'איז ניט נויטיק צו דערמאָנען,
ווייל פון יענעם לאַנד דעם נאָמען ווייסן אַלע —
דאָרטן איז אַזאַ מין פייער־שטאָט פאַראַנען.

אין דעם לאַנד פון מענער און פון פרויען בראַווע,
וואו דאָס לעבן איז דער שומר דער געטרייער,
און די קינדער לעבעדיקע, זשוואַווע ;
דאָרטן, אין אַ ריזן־שטאָט פון פלאַם און פייער,
שמעלצן זיך מעטאַלן אין אַ פייערדיקער לאַווע.

פלאַמען שפּאַרן צו די הימלען מיט אַ קנאַלן.
פול די לופט איז מיט פאַנטאַסטישע געשטאַלטן.
טייכן לאַווע קאָכן, ברויזן הויך און פאַלן.
דוכט זיך, קיינער, קיינער וועט שוין ניט פאַרהאַלטן
אַזאַ לאַוועים צעשמאָלצענע מעטאַלן.

נאָר די מענטשן דאָרטן אַרבעטן צוזאַמען,
שפּאַנען פלינק און שטרעקן לאַנגע, שטאַרקע אָרעמס.
פייער־קאַפּיטאַנען די מעטאַלן צאַמען,
טרייבן טייכן לאַווע אין מיליאָנען פורעמס,
אין מיליאָנען פורעמס, אין מיליאָנען ראַמען.

קומען אָן די צעכן, קומט דער באַלמעלאָכע,
קומען אין מיליאָנען זאָגן וואָס זיי ווילן,
פאַרן לעבנ'ס אויפטו, פאַרן לאַנד'ס הצלחה,
טוען קאַפּיטאַנען יעדנס וואונש דערפילן,
קלוגער לעבנס־פירער גיט אויף אַלץ זיין ברכה.

6

טאָג און נאַכט און נאַכט און טאָג אַזוי דורך יאָרן,
האָט די פייער־שטאָט ניט אויפגעהערט צו שמעלצן,
פורעמען און גיסן; קיין מעטאַל ניט שפּאָרן —
אויסגעגאָסן רעדער און מיליאָנען רעלסן,
כלים און געצייגן, שרויפן און מאָטאָרן.

עקסקאַוואַטאָרס, באַנען, שיפן, עראָפּלאַנען,
טעלעסקאָפּן, אינסטרומענטן און שפּאַקטיוון;
פעלד־געצייגן, שער און נאָדל, פּאַס און קראַנען;
שטאָל און אייזן־קאַסעס פֿאַר דעם לאַנד'ס אַרכיוון,
פֿאַרן מענטשנ'ס נוצן אַלץ איז דאָ פֿאַראַנען.

קאַפּיטאַנען פירן שיפן איבער ימ'ען,
אין די פּאַרקן שפּילן זיך די קליינע קינדער.
יוגנט איילט זיך צו די קורסן ניט פאַרזאַמען,
דאָס נאָך־ניט־אַנטפּלעקטע זוכן די דערפינדער,
שילער שפּילן אויף די פּיאַנאָס אויס די גאַמעס.

בויער בויען, די ברוקירער שפּרייטן וועגן.
און דער פּויער נעמט דאָס ברויט אַריין אין שייער,
מוזיקאַנטן סטראָיען פידלען, פּויק און פלייטן,
אַלץ פאַר יעדן איז דער סדר דאָ דער נייער —
אַלץ פאַר יעדן איינעם — איינער פאַרן צווייטן.

7

אַלץ, וואָס ווערט באַשאַפן, ווערט געבוירן גערן.
אַלץ, וואָס א י ז און ו ו ע ר ט , איז ל ע ב ן די כוונה.
פּען האָט ליב צו שרייבן, שער האָט ליב צו שערן.
פון דעם שווערסטן האַמער ביז דער דינסטער סטרונע
זיינען ביי זיך וויכטיק, ווי די זון און שטערן.

לעבן איז אַ פרייד און גוטסקייט אַ געוואוינהייט.
מענטש און זון און ערד און הימל, די פּלאַנעטן —
אַלץ צונויפגעוועבט איז אין איין לעבנס־איינהייט.
ניט קיין נאַכט, נאָר טויזנט פאַרביקע ראַקעטן,
פילן אָן דעם רוים מיט פיל־קאָלירנדיקער שיינקייט.

ווער־זשע וועט א רגע לעבן דען פאַרלירן,
ווען די מענטשן האָבן אַלעס וואָס זיי דאַרפן ?
פאַרביק שפּילט דאָס לעבן — טויזנטער קאָלירן —
דאַכט זיך, אַז די סטרונעס פון מיליאָנען האַרפן,
פידלען און וואַיאָלעס שפּילן און וויברירן.

**8**

האָט זיך עס צעקלונגען איבער וועלט דער ברייטער,
פרייד און גליק דערהערט זיך, פרייד און גליק צעשפּרייט זיך.
ווער ס'איז רייך דערשרעקט זיך, אָרימער דערפרייט זיך.
שעלט מיט גאַל דער ערשטער, בענטשט און האָפט דער צווייטער.

אין אַ וועלט צעטיילט אויף שוואַרצע, געלע, ווייסע,
מענטשן, צוגעוואוינט צו לאָזן זיך באַרויבן,
שווער איז זיי אין לעבנ'ס גליק און פרייד צו גלייבן —
איינער זאָגט: אַ וואונדער, צווייטער זאָגט: אַ מעשה.

מעשה, צי אַ וואונדער, עפּעס האָט געטראָפן.
אין דעם יאָך דעם שווערן מענטשן זיך פאַרקלערן.
מוטיק דער באַרויבטער הויבט זיך אָן צו ווערן.
דער, וואָס ליגט צעטראָטן, האָט אויף וואָס צו האָפן.

ווער עס גייט אין לעבן מיטן קאָפּ געבויגן,
ווער אַ ניט־געלעבטער גייט שווין באַרג אַרונטער,
גלייכט ער אויס דעם רוקן, הויבט דעם קאָפּ אויף מונטער;
צו דעם לאַנד דעם ווייטן ווענדט ער זיינע אויגן.

שלעכטע זאָגן: נישט געשטויגן, נישט געפלויגן.
און די לאַנג־געניאַרטע צווייפלען נאָך און פרעגן,
ס'איז זיי שווער צו גלייבן, אַז פון זייערט־וועגן
שפּילט דאָרט טויזנט־פאַרביק לעבנ'ס רעגנבויגן.

9

טעג און יאָרן גייען, וואַסערן זיך בייטן,
העלער אַליץ און העלער. העכער אַליץ און שענער,
אומעטום דערגרייכן לעבנ׳ס וואונדער־טענער
פון דעם לאַנד פון לעבן, פון דעם לאַנד דעם ווייטן.

דאָרטן שפּאַרט פּון אַלעם מיט געבורט און לעבן,
רוישט און ברוייזט מיט אויפטו איבער אַלע וועגן,
מיט געקלאַפּ פון האַמער, מיט געזאַנג פון זעגן,
מיט געזאַנג פון נאָדלען, ביים געניי און וועבן.

איבער שטעט און דערפער, ביזן ווייטסטן האַפן,
רודערן מאַשינען, הודיען די סירענען.
פאַרע־קעסלען קאָכן, פייער־אויוונס ברענען,
וואָס ס׳איז ניט געוועזן, ווערט דאָרט איצט באַשאַפן.

רייסן זיך צום לעבן פון דער ערד די פלאַנצן.
אַליץ און אַלעס, טיפן לעבנ׳ס זין באַגרייפן.
איין זאַך ווערט געבוירן, צווייטע האַלט אין רייפן,
זון און זאַפט פון טרויבן, טרויבן און מאַראַנצן.

יעדער טוט זיין אַרבעט, שאַפט און איז פאַרנומען,
באַס און פידל שפּילן, טרובעס און קלאַרנעטן,
דאַכט זיך, אַז זיי רופן, לאַדן איין און בעטן:
אַליץ, וואָס דאַרף ערשט ווערן, זאָל צום לעבן קומען.

מעכטיק, פיל־מיליאָניק, זינגט דער כאָר דער גרעסטער,
זינגט אַ ווערק אַ רייך־צונויפגעבלענדטן,
מענטש און זאַכן, אַלע וואונדער־אינסטרומענטן,
שפּילט דאָס לעבן אַ מיליאָניקן אָרקעסטער.

## 10

אין אַ צווייטן וועלט־טייל איז אַ לאַנד פאַראַנען,
וואו די ערד איז גיהנום און דער הימל — בראַנד;
אויף קיין ערד־טייל זינט עס איז די וועלט אַנטשטאַנען
איז נאָך ניט געווען אַזאַ פאַרשאָלטן לאַנד;
דאָרטן הערשט דער ערגסטער פון דער וועלט'ס טיראַנען,
ברענגט ער אויף די מענטשן אומגליק נאָר און שאַנד.

איז דער בייזער הערשער לעבנ'ס גרעסטער שונא,
און דעם הערשער'ס בעסטער שותף איז דער טויט,
טויט אין שוואַרצן, דער טיראַן טראָגט קליידער ברוינע.
ביידע הערשער גלייכע, איינס דעם צווייטן טרויט.
ניט געווען נאָך קיינמאָל שותפים צוויי אַזוינע,
אין קיין לאַנד פון אומגליק, אין אַ לאַנד פון נויט.

האָבן ביידע שותפים דאָרט, אין לאַנד אין יענעם,
ריזן־גרויסע פייער־אויוונס איבעראַל.
אין די אויוונס קנאַלט דאָס פייער, ברענט דער גהינום.
ביי די אויוונס מחנות הענקער מיט געשאַל,
רשעות'דיקע, ווילדע, שענדן זיי, פאַרשעמען,
פון דער ערד די רויע שטאָפן — ערד'ס מעטאַל.

דאַכט זיך, פון די פלאַמען גרייפן פינגער קרומע,
און עס הערט זיך, ווי אַ קריצעניש פון ציין
טראָגט זיך פון די לאַווע־שטראָמען, זיפצן שטומע,
זיפצן שטומע, און אַ קרעכצן, אַ געוויין:
ווײ איז אונז, מעטאַלן, וואָס מיר ווערן טמא,
בעסער וואָלטן מיר פאַרבליבן טויטער שטיין.

**11**

טויט און הערשער רייבן זיך די הענט צופרידן,
און העזיות קרומע מאַכן זיי דערביי,
איינער שעלט דאָס לעבן, צווייטער שעלט די אידן;
ביידע טוען אין דעם לאַווע־פלאַם אַ שפּיי,
הויבט די לאַווע אָן מיט האַס און סם צו זידן,
שווערן ביידע איינס דעם צווייטן בלייבן טריי.

רופט אויס איינער: קראַ־קראַ! און דער צווייטער: האַיל־האַיל!
איינער מאַכט אַ צייכן און אַ צווייטער שווערט:
אויסצוראָטן מענטשן־לעבנס אין מיליאָנען,
צו פֿאַרניכטן אַלעס איבער גאָר דער ערד.
ניט קיין טראַקטאָרס וועט מען גיסן, נאָר קאַנאָנען,
ניט קיין זעג און האַמער, נאָר די ביקס און שווערד.

ניט קיין פידל־טענער, ניט קיין האַרפן־קלאַנגען,
נאָר גסיסה־קרעכצן, זיפץ איז אונזער ליד.
נישט קיין גאָפּל, מעסער, — שפּיזן נאָר און צוואַנגען
ווערן דאָ געגאָסן, ווערן דאָ געשמידט.
האַק און האַקנקרייצן, שטאָל פאַר תליה־שטאַנגען —
פאַרן קריסט פאַרהאַסטן, פאַרן מיאוס'ן איד.

נישט פאַר פעלד־געצייגן, נישט פאַר פלייטן
ווערט ביי אונז געגאָסן דאָס מעטאַל־געגאָס.
הענט און פיס צו שמידן גיסן מיר דאָ קייטן,
גראַטעס פֿאַר די טורמעס, שווערן תּפיסה־שלאָס.
ניט צום שפּילן אינסטרומענטן, קיין טרומפּייטן,
אונזער צייט־פּאַרטרייב איז מענטשלעכער פאַרדראָס.

נישט קיין תבואה, — מענטשן־לעבנס וועט מען דרעשן.
קינדער וועט מען נערן נאָר אויף בליי און שרויט.
יעדן פונק פון לעבן וועלן מיר פאַרלעשן
און צעשטערן אַלעס וואָס דאָס לעבן בויט.
שטאָל און אייזן, גאָלד און זילבער, קופּער, מעשן, —
דינען וועט דעם הערשער, דינען וועט דעם טויט.

מיר באַשווערן און פאַרשעלטן אייך, מעטאַלן,
אין דער לאַווע, אין דעם גיהנום, וואָס דאָ ברענט:
ווי ראָבאָטן זאָלט איר לעבנס־לאַנד באַפאַלן,
חרוב מאַכן אַלעס ביזן פונדאַמענט.
שטיקער רייסט פון לעבן, וואַרפט עס די שאַקאַלן.
פאָלק נאָך פאָלק פאַרטיליקט, לאַנד נאָך לאַנד פאַרלענדט.

— — — — — — — — — — — — — — —

ביי די אויוונס מיט מעטאַל פאַר'סמ'טן און געשענדטן,
זיצן טויט און הערשער, אין דער שוואַרצער נאַכט.
אונטער האַלעוועשקע־הימל, קוילפאַרברענטן,
האָבן זיי דעם פּלאַן און חשבון שוין געמאַכט.
אין אַ לאַנד אַ וויטן שפּילן אינסטרומענטן.
ערגעץ ווייט־ווייט האָט אַ פויגל זיך צעלאַכט.

**12**

טראַט־טראַט, טראַט־טראַט, טרעטן, טרעטן, טרעטן, טרעטן,
אַ מיליאָן ראָבאָטן טרעטן שטום און שווער.
טויט באַפעלט און הערשער גיט דעקרעטן.
קיינער פרעגט ניט, קיינער ווייסט ניט וואָס און ווער.

אין דער דיקער, שוואַרצער נאַכט פאַרהוילן,
אָן אַ זין, אָן ווילן, ווי דער טויט ברוטאַל.
ס'האָט דער הערשער, ס'האָט דער טויט באַפוילן,
שפּאַנט דער גולם, שפּאַנט פאַרשאָלטענער מעטאַל.

דאָס געדריי פון רעדער, רעדער, רעדער, רעדער,
מישט זיך מיט דעם שווערן, טעמפּן טראָט פון טריט,
טויזנטער קאַנאָנען, אָנגעלאָדן יעדער,
טאַנקען שווערע פירן טאָנען דינאַמיט.

שאַרן זיך און שפּאַרן שטומע רייען.
דאַכט זיך: אין דער נאַכט עס גייען וואַנט נאָך וואַנט,
בייזער הערשער שיקט דעם טויט'ס אַרמייען
אומדערוואַרטעט צו באַפאַלן לעבנס־לאַנד.

צו דער גרענעץ ציען די קאָלאָנען,
איינגעהילט אין נאַכט און שטויב, אין גאַז און רויך,
גרייט אויף רויב עס ציען די וואַגאָנען.
באָמבע־וואַרפער פליען אין די וואָלקנס הויך.

אַלץ איז גרייט צו טויטן און פאַרניכטן.
מענטשן צו די טויט־מאַשינען צוגעקייט.
אַלץ איז גרייט אויף אָנפאַל אומגעריכטן,
קעגן לאַנד פון לעבן גייט דאָס לאַנד פון טויט.

**13**

האָט אַ האָן זיך הויך צעקרייעט,
האָט זיין קאַם זיך פייער־רויט צעגליט.
וואו אַן אָדלער, וואו אַ פויגל,
צו דעם ווייטן לאַנד פון לעבן — פליט.
טראָגט אַ וואָרנונג דער שטורעם:
— היט זיך, לאַנד פון לעבן, היט זיך, היט!

טראָגן זיך אין לאַנד סיגנאַלן,
טוט דאָס גאַנצע לעבן זיך אַ ריס,
אַלעם גרייט זיך קעגן שונא;
מענטשן, ז אַ כ ן, אַלץ וואָס לעבט און א י ז,
פעלקער, יונג און אַלט צוזאַמען,
יעדער פרומער איד און פרומער קריסט.

די מאַשינען און געצייגן,
טראַקטאָרס, האַמערס, זיילן, זעג און רער,
איילן צו די פייער־אויוונס,
שנעל זיך איבערשמעלצן אין געווער.
די בנינים, טייכן, וועלדער,
אַלץ און אַלע ווייסן, וואָס און ווער.

איבער די מיליאָנען מיילן
יעדער טראָט באַזונדער וואַכט און היט.
וואו דער שונא וועט זיך שטעלן,
וועט די ערד, ווי לאַווע, זיין צעגליט.
פון דעם שונא'ס בערג מיט ברוכוואַרג
וואָפן וועט דאָרט ווערן אויסגעשמידט.

פון דער וועלט אין אַלע טיילן,
ווער עס ווייסט פון לעבן נאָר דעם זין,
שיקט זיין הילף צום לאַנד פון לעבן,
גלויבט אין לעבן, האָפט אויף לאַנד'ס געווין.
נאָר עס פרייען זיך היענע,
די שאַקאַלן, קלאַפּער־שלאַנג און שפּין.

דאָרט וואו מענטש איז נאָר פּאַראַנען,
דאָרט וואו לעבט און אָטעמט נאָך;
ווער עס שלעפט די לאַסט פאַר יענעם,
ווער עס גייט געשפּאַנט אין שווערן יאָך,
טראָגט זיין הילף צום לאַנד פון לעבן
יעדע פרייע רגע פון דער וואָך.

## 14

ס'האָט דער שונא זיך געוואָרפן אין אַטאַקע,
שווערע טריט גענומען שטעלן איבער ערד און טייך און בריק —
האָט מיט בליץ און דונער זיך די שלאַכט צעפלאַקערט.
לעבן זוכט קיין קריג ניט, נאָר אויב קריג איז — זאָל זיין קריג.
קיינער קאָן אַזוי ניט שלאָגן, ווי דאָס לעבן שלאָגט צוריק.

האָבן צוויי מעטאַלן, שונאים, זיך אין שלאַכט באַגעגנט.
איינער שלאָגט זיך פאַרן לעבן, צווייטער גייט אויף רויב־באַפאַל,
האָט מיט הייסן שטיין און שטאָל צעשמאָלצענעם גערעגנט,
הימלען האָבן זיך געשפּאָלטן פון געבליץ און דונער־קנאַל.
ס'האָט די ערד געציטערט, ווען מעטאַל געשלאָגן האָט מעטאַל.

צווײ אַרמאַדעס אין געראַנגל. צווײערלײ מעטאַלן.
אײנער קלינגט מיט קלאַנג פֿון גלעקער, צווײטער מיט אַ קללה קראַכט.
אײנער שוואַרץ און פֿינצטער, צווײטער ווי די זון וואָלט שטראַלן.
שטאָל מיט שטאָל אין טאָג און נאַכט געראַנגל, פֿירן שלאַכט נאָך
שלאַכט.
שטאָל פֿון שונא שלאָגט און שעלט זיך, שטאָל פֿון לעבן שלאָגט
און לאַכט.

צײלט און מעסט דער שונא זײַנע טאַנקען, ביקסן, שטאָפּן,
ווי דער מערדער צײלט אין טויטן־קאַמער זײַנע לעצטע שעה'ן.
רויב־באַפֿאַל אויף פֿרעמדע אוצרות איז זײַן אײנציק האָפֿן.
אויב די שלאַכטן ער געווינט ניט, הויבט זײַן בײזער סוף זיך אָן.
מיט אַזאַרט פֿון קאָרטן־שפּילער האָט ער אַלץ געשטעלט אין קאָן.

15

ווערט פֿאַרצווײפֿלטער דער שונא, וואָס די שלאַכט געדויערט,
לעבן ציט די צײַט, ווי מען פֿאַרציט אַרום אַ האַלדז אַ שטריק,
לעבנ'ס צײַט איז אײביק, שלאָגט עס זיכער און מיט דויער,
יעדער טראָט אַ נײַ געראַנגל, טראָט פֿאָראויס און טראָט צוריק.
שונא שלאָגט זיך רויב צו רויבן, לעבן — פֿאַרן מענטשנ'ס גליק.

לעבן איז אומענדלעך, דאַרף ניט מעסטן, דאַרף ניט צײלן.
לעבן קאָן דערלאַנגען און עס קאָן אויך נעמען שווערע קלעפּ.
קלעפּ פֿאַרגײען, וואונדן — ווערן מיט דער צײַט פֿאַרהײלן,
זיך פֿאַרהײלן און פֿאַרוועבן אין דעם לעבנ'ס גרויס געוועב,
מענטש און וועלט און גליק און פֿרײַהײט — דאָס געוועב, וואָס
אײביק לעבט.